ביבליאטעק
ווײניקיווערנדיקע

אַלעס לאסקאודי



# א שפּאַציר איבערן הימל



## ביבליאָטעק פאַר ווייניקיוורעדיקע

אָלעס לאַסקאַווי

# אַ שפּאַציר איבערן הימל

(אונטער פראָפ. ב. פ. באראבאלעווס רעדאקציע

איבערגעזעצט פון אוק־איניש

דער מעלוכישער וויסנשאפטלעך־מעטאָדאָלאָגישער קאָמיטעט באַם פאָלקאָמבילד
פון או. ס. ר. ר. האָט עס באַוויליקט אַז צו באַניצן אין די ביבליאָטעקן
פאַר ווייניקיוורעדיקע. לויטנדיקער נומ. 933 פון 19 סענטיאַבער 1930

צענטרפארלאג
כארקאָוו ־ קיעוו
1932

# נ א כ ט

געענדיקט דער ארבעט־טאָג. די מענטשן רוען אָפּ פון זייער באַטאָגיקער האָרעוואַניע.

די זון האָט זיך באַהאַלטן הינטערן האָריזאָנט. נאָך א רעגע און אפן טונקעלן הימל־געוועלב וועט אופשיינען איין שטערנדל, א צווייטס, א דריטס.

נאָך א שאָ — און אפן גאַנצן הימל זיינען שוין צעשאָטן. נגאָלדענע פלעמלעך. ווי זיי ווינקען דאָס פון דער הויך ס׳גלוסט זיך אזש אַ הויב טאָן צו זיי ארופּ, א קוק צו טאָן, וואָס פאר אַ פּלעמעלעך זיינען דאָס.

אָט איז איין פלעמל אראָפּגעפאלן, דורכגעשניטן דעם ברייטן הימל־רוים, פארשוונדן און א בערגעלאָזט נאָך זיך אפּ א רעגע א גאלדענעם עק. אט איז שוין דער עק אויך צעשוומען.

— א מענטש איז געשטאָרבן — הערט מען א מאָל זאָגן.

צווישן די גאָלדענע פינטעלעך־פּלעמעלעך ווייסט זיך אין הימל א לאנגער איינגעבויגענער עק, ווי פון עפּעס א באַשעפעניש.

— דאָס איז דער הימלשער בעזעם, — זאָגן אָפּגעשטאַנענע מענטשן — ס׳וועט מיסטאמע זיין א מילכאָמע אָדער א הונגער, א מאגייפע, אָדער אזוי עפּעס אן אומגליק...

פון דער וואסערלייטונג עפּשער פון א מעטער די לענג, ער האָט געגומען א צוועגגל, א האַמער, פאַרשיידענע צוועקלעך און נאָך איניקע אינסטרומענטן און זיך גענו־מען ארבעטן בא דער טרויב.

די מוטער האָט אלע מאָל א נייגעריקע געוואָרפן א קוק פון דער קיך.

— וואָס מאכסטו עס, זון מיינער, שטעלסט א נייעם קוימען?

— אָ, אָ. נאָך א מין קוימען. ער וועט דערלאנגען ביזן סאמע הימל, — האָט זיך אווראמל צעלאכט.

— וואלסט בעסער אָפּגערוט, א גאַנצע וואָך האָרעוועסטו — האָט אים די מוטער געייצעט.

— דאָס רו איך טאקע אָפּ, — האָט אווראמל פריילעך אָפּגעענטפערט און זיך א ווישׁ געטאָן דעם שוויים פון פּנים.

ער האָט פאָרזיכטיק ארויסגענומען פון א קעסטעלע א שטיקל גלאָז פארפּאקט אין פּאַפּיר און א קליין דינ טרייבעלע. לאנג זיך געפּאָרעט מיט זיי, ארייגשטעלנדיק זיי אין דער טרויב פון וואסערלייטונג, לאַנג צוגעמאָסטן, צוגעדרייט און צוגעפּאסט.

אפּן שוועל האָט זיך באוויזן דער פאָטער.

— אָט אזוי רוסטו אָפּ? — מיסטאָמע שוין עפּעס א פריי־שע ארבעט פארן קעמערל.

— ניין. פאר זיך... איך פארגרעסער מיינע אויגן.

— וואָס?, — האָט דער פאָטער נישט פארשטאַנען.

— איך פארבעסער מיין ריע, איך זאָל קאָנען זען, וואָס עס טוט זיך אין סאמע הימל.

— אַ רעכט שטיקל אַרבעט.—האָט דער פֿאָטער נישט פֿאַר־שטאַנען און ער איז אַוועק זיך אָפּוואַשן נאָך דער אַר־בעט.

## אַורעמל קוקט אין הימל

— פֿאַרטיק! — האָט אַורעמל אַ געשריי געטאָן, אַז אַלע האָבן זיך אַוועק דערשראָקן און אַרײַנגעלאָפֿן זען, וואָס איז מיט אים אַזעלכעס.

נאָך מיט אַורעמלען האָט גאָרנישט געטראָפֿן. ער איז געשטאַנען אַ שײַנענדיקער, אַ פֿרײלעכער און אַלעמען אָנגעזאָגט אַ בשׂורה.

— הײַנט באַנאַכט וועלן מיר מאַכן אַ רײַזע איבערן הימל.

אין אָוונט, אַז ס'איז געוואָרן טונקל, האָבן זיך צו אַור־עמלען אין שטוב אַרײַן אָנגעהויבן אַרײַנשיטן כעוורה.

— נו, פֿאַרטיק?

— געמאַכט?

— זיך אײַנגעגעבן?

— מע וועט טאַקע קענען קוקן אין הימל?

— נאָך אַ'מין קוקן. אָט שטייט ער, דער אַפּאַראַט.

ס'איז אַרײַנגעקומען דער פֿאָטער.

— וואָס האָסטו פֿאַרט אַזעלכעס געמאַכט, זון מײַנער?

— אַן אַפּאַראַט צו קוקן אין הימל.

— אין הימל? און מע וועט טאַקע עפּעס זען אויך?—האָט דער פֿאָטער געפֿרעגט מיט אומצוטרוי.

— קוק אַרײַן, וועסטו זען.

אורעמל האָט אוועקגעשטעלט די טרויב אַף אַ דרייפוס
און האָט אים אָנגעשטעלט אַף דער לעוואָנע.
אַלע האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם.
— אוי! — האָט אורעמל פלוצים אויסגעשריען, — וואָס
איך האָב געזעען!



אפנ בעמעל האבנ מיר א פאטאגראפיע סונ דער לעהאָנע אינ דער ערשטער סאזע. די
זונ שיינט פונ דער רעכטער זייט. עס זעענ זיכ גרויסע טונקעלע פלעקנ — דאָרט זיינענ
אמאָל געווענ יאַמענ. ניט קיינ גרויסע קיילעכיקע גריבעלעכ — דאָס זיינענ ווולקאַנ־קראַטערס.

— לאָז אונדז איך זען,— האָבן זיך אלע סאָמיוגיסטן
א לאָז געטאָן צום טעלעסקאָפּ.
— לאָזט פריער דעם טאטן א קוק טאָן.
דער פאָטער האָט אביסל פארשעמט ארײַנגעקוקט אין
דער טרויב און גלײַך אוועקגענומען דעם קאָפּ.
— אז מע הויבט גאָרנישט אָן צו זען.
— קוק זשע ניט מיט בײדע אויגן. פארזשמורע דאָס
לינקע אויג און פרוו נאָך א מאָל, האָט אוורעמל אים
פארגעלײגט. און אלײן גענומען עפּעס ווידער צופּאַסן.
— אָט, איצט זע איך,— האָט זיך דער פאָטער אָנגערופן—
וואָס איז עס אזעלכעס, עפּעס א מין מארדע מיט הוילע
פּאָקן...
— אָט דאָס איז די מאקע, די לעוואָנע,— האָט זיך אָפּ־
גערופן א קאָמיוגיסט.
— די לעוואָנע? — האָט דער פאָטער איבערגעפרעגט,
ניט אָפּרײַסנדיק זיך פון דער טרויב — פארוואָס זשע איז
זי אזוי ניט גלײַך?
— ווײַל אזא איז זי טאַקע אין דער עמעסן — האָט גע־
ענטפערט דערזעלביקער קאָמיוגיסט.
דער פאָטער האָט אוועקגענומען די אויגן פון דער
טרויב און האָט א קוק געטאָן צו דער לעוואָנע.
— פארוואָס זעט זי איצט אויס אנדערש?
— ווײַל דער טעלעסקאָפּ האָט זי צו אונדז דערנעענ־
טערט.

## ארבעטער באטראכטן דעם הימל

אפּ מארגן, אז אוורעמלס פאָטער האָט דערצײלט בא
זיך אפּן לעדער־זאוואָד, אז זײַן זון האָט צוגעטראכט אזא

מאשינקע, וואָס מע קאָנ זענ אלצ, וואָס אפנ הימל טוט זיכ, האָבנ די ארבעטער נישט געוואָלט גלויבנ.

— יאָסל, דו ירעדסט נארישקייטנ!..

אינ אָוונט זײַנענ זײ פונדעסטוועגנ אלע געקומענ צולויפנ.

— זי זעט דאָכ אויס אינגאַנצנ, ווי אונדזער ערד — האָט זיכ אנגערופנ דער ערשטער ארבעטער, וואָס האָט ארײַנגעקוקט אינ טרויב.

— ריכטיק, ווי די ערד. אונ ווי זי וואָלט נאָכ דערצו זײַנ צעגראָבנ מיט גריי־בער.

— אונ אָט די מאָשינ האָט דאָס אוורעמל אויסגע־טראַכט?

— ניט אויסגע־טראַכט, נאָר פּאָשעט געמאַכט — האָט זיכ אוורעמל אָפּגערופנ. אָפּ דער וועלט זײַנענ פאַראַנ אסאַכ אַזעל־כע מאָשינעס, אונ ניט נאָר אַזעלכע, נאָר אסאַכ, אסאַכ גרע־סערע, ווי, א שטיי־גער, ווי א...— ער



בערג אַפ דער לעוואָנע, די זונ שײַנט פונ דער רעכטער זײַט. אָפנ נעפּעל זעט זיכ גוט דער שאָטנ פונ די בערג אונ פונ די קראָטערס פונ דער לינקער זײַט.



אָנע - אײבערפלעכ.׳ קײן לעבן איז דאָרטן ניטאָ. ווען מיר וואָלטן וווינען אם
אָנע, חאָטש אונדזער ערד אויסגעזען אַפן הימל אַזוי, ווי איר זעט דאָס אַפן געמעל,

האָט געזוכט עפּעס אַ פאַרגלייך און פאַרענדיקט — ווי אַ האַלבער קוימען פון לעדער־זאַוואָד.

— הייסט עס, אַז די לעוואָנע איז דיזעלביקע ערד, וואָס אונדזער וועלט?

— דיזעלביקע ערד.

— אין די כפאַרים שטייט דאָך אָבער געשריבן, אַז גאָט האָט באַשאַפן די לעוואָנע — האָט זיך אָפּגערופן איינער אַן עלטערער אַרבעטער.

— לאָזט שוין אָפּ מיט אייערע באָבע־מעסעס — האָט זיך אָנגערופן מישקע קאָמיוגיסט, איינער פון די אַנטוויקלטסטע יאַטן. — זעצט זיך אַוועק, וועל איך אייך דערציילן, וואָס איז אַזוינס די לעוואָנע?

# וואָס איז אַזוינס די לעוואָנע?

— איר האָט ערשט געקוקט דורך דער טרויב און געזען, אַז די לעוואָנע איז נישט קיין פּייערדיקע און גיט קיין גאָלדענע, ווי עס ווייזט זיך אינדז אויס, נאָר אַ גאַנץ געוויינלעכע, אַזוי ווי אונדזער ערד.

— פאַרוואָס זשע לייכט זי?

— עס הייבט זיך נישט אָן, זי לייכט ניט. די לעוואָנע קען ניט לייכטן. זי איז אַזאַ שוואַרצע, ווי אונדזער ערד. איר האָט דאָך אָפּ איר געזען טונקעלע פלעקן, איר האָט דאָך אָפּ איר געזען אַ לאַנגן און טונקעלן שאָטן פון די בערג.

— אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג, מיט מיליאָנען יאָרן צוריק האָט די לעוואָנע נאָך געברענט, ווי די זון. איצט איז זי פאַרלאָשן, אָפּגעקילט און געוואָרן האַרטע ערד. און לייכטן לייכט זי דערפאַר, וואָס אָפּ איר שיינט די זון. ווען

מיר וואָלטן געווינט אפ דער לעוואָנע, וואָלט אונדזער ערד אויך געלויכטן, ווי די לעוואָנע, זי וואָלט אָבער גע־ווען אַסאַך גרעסער.

— און די לעוואָנע איז א גרויסע?

— ניין. אין איר אומפאַנג איז זי 50 מאָל קלענער פון אונדזער ערד און איר אויבערפלאַך — אין 14 מאָל קלענער ווי די ערד. אז מע זאָל זי דורכלעכערן דורך און דורך וואָלט מען דע־רופ געדאַרפט האָבן א שפּילקע סאַכאקל פון 3482 קילאָמעטער די לענג.

— אָ, אָ! ס'איז דאָס עמע־סע שפּילקעלע.

— דאָס איז גאָרניט אזאַ סאַך. אפ דורכצושטעכן די ערד וואָלט מען געדאַרפט האָבן א שפּילקע פון 12732 קילאָמעטער, — האָט מישקע געענטפערט.

— און די לעוואָנע איז עפּעס ווייט פון דער ערד?

— ניין, ניט שטאַרק ווייט. אינגאַנצן 380 טויזנט קי־לאָמעטער. ווען מע שיקט אויס מיט א האַרמאַט, וואָלט



אפן דאָזיקן געמעל איז פאַרגליכן די ערד און די לעוואָנע, ווי איר זעט, איז די ערד אַסאַך גרעסער פאַר דער לעוואָנע.

די קויל אהינ דערפלויגנ אינ 90 שאָ; אָנ אעראָפּלאָנ, וואָס מאָכט איצט 400 קילאָמעטער פּאָר א שאָ, וואָלט אהינ אָנ־געקומענ אינ 40 טאָג ארום; א שנעלצוג, וואָס מאָכט 100 קילאָמעטער א שאָ, וואָלט געקומענ אינ 160 טאָג. מיר וואָלטנ אָפּילע צופוס אויכ דערגאָנגענ.

ווענ מע זאָל מאָכנ 5 קילאָמעטער א שאָ אונ מיר זאָלנ גייַנ אָנ אָפּרו טאָג אונ נאָכט, וואָלטנ מיר אָהינ אָנגעקומענ אינ 9 יאָר אָרום.

— אונ מענטשנ זייַנענ דאָרט פאַראַנ?

— ניטאָ דאָרט קיינ מענטשנ. דאָרטנ איז ניטאָ לאָכלוטנ גאָרניט. ניט קיינ וואַסער, ניט קיינ געוויקסנ. אַמאָל איז עפּשער געווענ, אונ איצט איז דאָרט גאָרניט ניטאָ.

די לעוואָנע געפינט זיכ שטענדיק מיט איינ זייט צו דער ערד. וואָס איז דאָרט פונ דער צווייטער זייט, ווי אזוי זעט זי דאָרטנ אויס — ווייסט קיינער נישט. דאָס וועלנ מיר




אָפּנ דאָזיקנ געמעל איז באַוויזנ די פאַרטונקעלונג פונ דער לעוואָנע (ליקע־לעוואָנע). דער שאָטנ פונ דער ערד פאַלט אָפּ דער לעוואָנע, אונ מיר זעענ זי ניט. דאָס קומט פאָר דע־מאָלט, ווענ די ערד קומט אויס צווישנ דער זונ אונ דער לעוואָנע.

שוינ געווירע ווערנ דעמאָלט, ווענ מענטשנ וועלנ פליענ אָפּ דער לעוואָנע.

— פליענ?..

— אָנ סאָפּעק. מע טראַכט שוינ איצט איבער אַזעלכע מאַשינעס צו פליענ אפ דער לעוואָנע.]

— אונ וואָס זײַנענ די גריבער מיט די בערג, וואָס מיר האָבנ געזענ דורכ דער טרויב?

— געוויינלעכע בערג, פונקט אזוי ווי אפ דער ערד. אונ די גריבער הייסנ קראַטערס. אָט ווי אַזוי דאָס איז געװאָרנ: ווענ די לעוואָנע איז נאָכ געווענ אזאַ, ווי אונדזער ערד, האָבנ אָפ איר געפּלאַקערט ווולקאַנענ. אָבער דאָס איז שוינ געווענ לאַנג. די ווולקאַנענ זײַנענ שוינ דאָרט לאַנג פאַרלאָשנ, אונ דורכ די טרויבנ האָט איר געזענ זייערע איבערשטע טײלנ — די קראַטערס.

— אונ די זונ?

— וועגנ דער זונ וועל איכ אײַכ דערציילנ מאָרגנ. אָפ הײַנט וועט זײַנ גענוג.

## וואָס איז אַזוינס די זונ

אָפ מאָרגנ איז מענ זיכ ווידער צונויפגעקומענ צו יאָטלענ, ווי מע האָט זיכ צונויפגערעדט, צו הערנ וועגנ דער זונ.

— וועלנ מיר הײַנט ריידנ וועגנ דער זונ — האָט אָנגעהויבנ מישקע. קעדיי מיר זאָלנ בעסער קאנענ באַטראַכטנ די זונ, לאָמיר זיכ פאָרשטעלנ, אז מיר האָבנ שוינ אַזאַ מאַשינע, וואָס פליט צווישנ די פּלאַנעטעס. אָט האָבנ מיר זיכ אַרײַנגעזעצט אונ מיר פליענ.

— מיר וועלנ נאָכ לאַנג פליענ? איכ וויל שוינ גיכער צו דער זונ — האָט זיכ ניט אײַנגעהאַלטנ בערל, אנ עלטערער לעדערניק, וואָס האָט ליב אַרײַנצוואַרפנ אַ כאָכמע.

— דאָס וווּנדט, ווי גיך אונדזער מאַשינע וועט פליען: אַט הערט זיך צו מיט קאָפּ: די שיין, וואָס די זון שיקט אונדז, ווי די שיין פון די שטערן, צי ביקלאַל פון פייער לויפט זייער גיך. אין איין סעקונדע מאַכט זי דורך 300 טויזנט קילאָמעטער. ביז איר מאַכט דריי טריט, האָט שוין די שיין געמאַכט 300 טויזנט קילאָמעטער. ווען אונ־זער מאַשינע זאָל קאָנען פליען אזוי גיך ווי די זון־ליכט וואָלטן מיר פאר איינער מיט א פערטל סעקונדע געווען אָפּ דער לעוואָנע.

— אָ, ווי גיך — האָבן זיך אלע פארוווּנדערט.

— און צו דער זון?

— צו דער זון וואָלטן מיר אָפּ אַזאַ מאַשינע געפלויגן אַכט מיט אַ האַלבער מינוט, ווארום צו דער זון איז א מע־האַלעך פון הונדערט פופציק מיליאָן קילאָמעטער.

— ווייטלעך. נאָך ווייטער, ווי צו אונדזער שוך־פּאַב־ריק — האָט בערל אריינגעשטעלט א וויץ.

— ניט שטארק נאָענט — האָט זיך מישקע אויך צע־שמייכלט. צופוס וועסטו שוין דאָ ניט דערגיין, ווארום מיט דער באַן, וואָס מאַכט 100 קילאָמעטער אין אַ שאָ, וואָלט מען געדארפט פאָרן...

— מיסטאמע א גאַנץ יאָר, — האָט איינער פאר־כאַפּט.

— אביסילע מער, ניט איין יאר, נאר 190 יאָר.

— הונדערט ניינציק יאר!? האָבן זיך אלע געוווּנדערט.

— יאָ, יאָ. מיט אונדזער מאַשינע וואָלטן מיר צוגע־פלויגן פאר אַכט מיט האלבער מינוט, נאר כאַפּט ניט. נאָענט צוקומען קען מען ניט, ווייל אונדזער מאַשינע וואָלט

צעשמאָלצנ געוואָרנ; אַפ דער זונ איז א טעמפּעראַטור פונ 6 טויזנט גראַד.

— ווי אזוי זײַנענ עס מענטשנ געוווירע געוואָרנ? — האָט שוינ יאָסל ניט אויסגעהאַלטנ.



אפנ דאָזיקנ געמעל איז פאַרגליכנ די זונ מיט דער ערד. אינ פאַרגלייכ מיט דער זונ זעט די ערד אויס ווי א קליינ פינטעלע.

— עס איז פּאַראַן אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס מעסט אויס.

פאַר די געלערנטע איז עס שוין איצט פון די גרינגע זאַכן. די זון איז אין אַ מיליאָן מיט 200 טויזנט מאָל גרעסער פון אונדזער ערד. אָט דאָס שפּילקעלע, וואָס אָפּ דורכצושטעכן די לעוואָנע דאַרף עס האַלטן 3482 קילאָמעטער און אָפּ דורכצושטעכן די ערד — 12 טויזנט מיט אַ סמיטשיק, וואָלט פאַר דער זון געדאַרפט האַלטן אַ מיליאָן מיט 400 טויזנט קילאָמעטער. אָט ווי גרויס די זון איז.

— אוי, אוי! — האָבן זיך אַלע געכאַפּט פאַר די קעפּ — דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אַזש.

— עס הויבט זיך גאָרנישט אָן, די ספּאָרים שרייבן, אַז אונדזער ערד איז די מיט פון דער וועלט און די זון איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב דער ערד — האָט ווידער זיך אַריינגעמישט דער עלטערער אַרבעטער.

מישקע האָט זיך גאָרניט אָפּגערופן און ווייטער גערעדט:

— די זון שיינט ניט נאָר אָפּ אונדזער ערד, זי שיינט אַרום זיך ווי אַ גרויסער, גרויסער עלעקטרישער לאָמפּ, זי שיקט פון זיך אַרום און אַרום אַזויפיל פייער, אַז מע קאָן דערמיט אָנוואַרעמען צוויי ביליאָן אַזעלכע וועלטן ווי אונדזערע. און אַ ביליאָן איז טויזנט מיליאָן.

— און וואָס איז אַזעלכעס די זון? אויך אַזאַ מין ערד?

— יאָ, די זון איז אויך אַן ערד. אָבער ניט אינגאַנצן אַזאַ ווי אונדזערע. אָפּ דער זון איז פאַראַן אייזן, קופּער, וואַסערשטאָף, קוועקזילבער און קאַלצי... עס זיינען פאַראַן די אַלע שטאָפן, וואָס אָפּ דער ערד, נאָר זיי געפינען

זיך אלע אין א גאַז־צושטאַנד, ווייל דאָרט איז דאָך א גרויסע היץ — 6 טויזנט גראַד.

— און גאָלד איז אויך פאַראַן?

— גאָלד, פּלאַטין, נאָר אַלץ אין אַ גאַז־צושטאַנד. די זון פלאַקערט, זידט, עס קומען דאָרטן פאָר אַזעלכע שטור־רעמס, וואָס מע קען זיך גאָרניט פאָרשטעלן. אַז עס הויבט זיך דאָרט אָן אַ שטורעם, וואַרפט עס אַרויס גאַזן אָפּ מיליאָנען מע־טער די הייך. אינמיטן איז די זון געדיכט, ווייל די גאַזן דריקן אַראָפּ און אויבן איז זי שיטער, דעריבער קען מען צו דער זון נישט צוקומען, ווייל מיר מיט אונדזער מאַשינע וואָלט זיך אויך פאַרוואַנדלט אין דאַמף. עפּשער וועלן מיר דער־ווייל פליען צו די שטערן?



די זון־קרוין. בעת א פאַרטונקלונג פון דער זון (ליקע־כאַמע) זעט זיך אַרום איר א שיין, וואָס ווערט אָנגערופן זון־קרוין. די קרוין שיינט זעט זיך אָפּ מיליאָנען קילאָמעטער פון דער זון.

— סטאָפּ! — האָט זיך אָפּגערופן בערל. לאָמיר נאָך אַביסעלע שטיין בײַ דער זון. זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס וועט זײַן מיט דער זון? זי גיט פון זיך אַרויס אַזויפיל

היצ, אַז זי קענ בלײַבנ א פארמאַטערטע. זי קאָנ דאָכ זיכ נאָכ כאַלילע אָפּקילנ — ניט אזוי?

— עמעס, שיר ניט פ׳ורגעסנ. די זונ שיקט אונדז יעדע מינוט דורכ אירע הײסע שטראַלנ צוויי הונדערט פופציק מיליאָנ טאָנ פונ איר וואָג. יעדער מינוט דאַרפ מענ שוינ האָבנ אַ שפּילקעלע קלענער אָפּ 150 מעטער.



אַפ דער זונ קומענ פאָר אַזעלכע גרויסע שטורעמס, וואָס וואַרפנ אַרויס זײַלנ פײַער אַפ הונדערטער טויזנטער קילאָמעטער. אפנ געמעל איז געבראַכט א פאָטאָגראַפיע פונ אַזעלכע זײַלנ בעיס דער זונ־פאַרטונקלונג.

— האַלט די זונ אינ אײנ קלענער ווערנ?

— פארשטײט זיכ, נאָר שטאַרק זיכ שרעקנ דאַרפ מענ ניט. מיר וועלנ שטאַרבנ אונ אונדזערע קינדס־קינדס־קינדס־קינדער וועלנ שטאַרבנ, די וועלט וועט אומקומענ אונ די זונ וועט נאָכ אַלצ זײַנ. עס וועלנ דורכגײנ מיליאַרדנ יאָרנ ביז זי וועט אָפּגעקילט ווערנ אונ אופהערנ לײַכטנ, ווי אונדזער ערד.

די זונ שטײט ניט אַפּ אײנ אָרט. זי דרײט זיכ אום ארומ זיכ, ווי אַ דרײדל, אינ 25 טאָג. כוצדעמ פליט זי אינ אַל־וועלט צו 19 קילאָמעטער אינ א סעקונדע.

— מ׳שטײנס געזאָגט, וואָס פאר אַ מאַמאָשעס אונדזער

דער אָנהויב פונ פאַרטונקלונג 1 אזייגער 12 מ.

אויסזעג פונ דער זונ 01 אזייגער 20 מ.

אויסזעג פונ זונ 01 אזייגער 42 מ.

אויסזעג פונ דער זונ 02 אזייגער 7 מ.

די זונ - קרוינ בעיס דער פולער זונ - פאַרטונקלונג
02 אזייגער 19 מ.

אויסזעג פונ דער זונ 02 אזייגער 57 מ.

אויסזעג פונ דער זונ 03 אזייגער 6 מ.

אויסזעג פונ דער זונ 03 אזייגער 23 מ.

דאָ איז אָנגעצייכנט דער ביסלעכווייזדיקער גאַנג פונ דער זונ - פאַרטונקלונג. די לעוואָנע הויבט אָנ פאַרשטעלנ די זונ פונ דער רעכטער זייט פונונטנ און צוביסלעכ פארשטעלט זי מיט זיכ די גאַנצע זונ. די זונ - פאַרטונקלונג געדויערט 2 שאָ מיט 11 מינוט. כאָטש די לעוואָנע איז אַסאַכ קלענער פונ דער זונ, אָבער זי איז אַסאַכ נעענטער צו אונדז, דערי-בער פאַרשטעלט זי די זונ.

ערד האָט שוין קעגן דער זון — האָט זיך אָנגערופן דער עלטער לעדערניק.

— אזוי ווי א קליין פינטעלע. און נאָך א טשיקאווע זאַך. ווען מיר געפינען זיך אָפּ דער לעוואָנע, וואָלטן מיר געווען זייער גרינג אין דער וואָג: אין 6 מאָל גרינגער, ווי אָפּ דער ערד. דאָס הייסט, אז איך גיב דאָ א שפּרונג אויף א מעטער, וואָלט איך אָפּ דער לעוואָנע א שפּרונג געטאָן אויף 6 מעטער. איך וואָלט אריבערגעשפּרונגען איבער האָט דעם הייזל.

— אָ, אָז דער עמעסער שפּרונג. און אָפּ דער זון וואָלסטו מיסטאָמע אריבערגעשפּרונגען אונדזער פאַבריק־קוימען — האָט בערל ווידער אריינגעשטעלט א וויץ.

— האָסטו א טאָעס. אָפּ דער זון וואָלסטו געוווויגן נישט 4 פּוד, נאָר 108 פּוד. אז ניט נאָר שפּרונגען, נאָר גיין וואָלט זיר אויך געווען שווער, ווארום יעדער פוס וואָלט געוווויגן אמווייניקסטן 20 פּוד.

— און שווער צו מאכן א טראָט — האָט זיך אָפּגערופן א יאָט פון א ווינקל. לאָמיר שוין בעסער א פּלי טאָן צו די שטערן.

— ניט הייגט. צו די שטערן וועלן מיר שוין פליען מאָרגן. ס'איז שוין שפּעט און 6 אינדערפרי דארף מען זיין בא דער ארבעט.

## א שמועס וועגן די שטערן

אָפּ צומאָרגנס זיינען זיך אלע צונויפגעקומען אין דער באשטימטער צייט. באַם טיש איז געזעסן א פרעמדער מענטש. מישקע האָט אים פאָרגעשטעלט: אָט דאָס איז א

לערער פון נאַטורוויסנשאַפט. ער וועט אונדז היינט דער־
ציילן וועגן די שטערן.

דער לערער האָט אָנגעהויבן:

— אז איר קוקט אפן הימל, זעט איר אסאַך שטערן. מע קען זיי אפילע איבערציילן. מיטן בלויזן אויג קאָן מען אפ אונדזער העלפט הימל אָנציילן בא 2 טויזנט שטערן. און ווער עס האָט א גוטע ריע, קאָן אפילע אָנ־ציילן גאַנצע 3 טויזנט. פון דער צווייטער זייט ערד, ווו עס איז איצט טאָג, קאָן מען אויך אָנציילן 3 טויזנט. האָב מיר שוין 6 טויזנט שטערן.

אלע האָבן פאַריסן די קעפּ אין דער הויך און אָנגע־הויבן ציילן.

דער לערער האָט זיי איבערגעריסן:

— ציילן וועלן מיר שוין א צווייט מאָל. איצט הערט ווייטער: ניט אלע שטערן זיינען גלייך: פאַראַן גרעסערע, וואָס לייכטן העלער, און קלענערע, וואָס מע זעט זיי קוים. די אַסטראָנאָמען האָבן דעריבער איינגעטיילט די שטערן אין מאַדרייגעס. די ליכטיקסטע שטערנס פאַרעכנט זיי צו דער ערשטער מאַדרייגע, די שטערן, וואָס לייכטן אביסל טונקעלער — צו דער צווייטער מאַדרייגע, און אזוי ווייטער.

— אזוי ווי קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן — האָט זיך אָנגערופן אורעמלס ברידערל, דער פּיאָנער.

— זאָל זיין אזוי, — האָט דער לערער א שמייכל געטאָן.

— שטערן פון דער ערשטער מאַדרייגע איז פאַראַן זייער ווייניק — אינגאַנצן 19, פון דער צווייטער מאַדריי־גע — 59, פון דער דריטער מאַדרייגע — 182. שטערן פון

דער 14־טער מאַדרייגע — איז שוינ פאַראַנ 27 מיליאָנ, פונ דער 16־טער מאַדרייגע — 57 מיליאָנ אונ פונ דער 19־טער מאַדרייגע גאַנצע צוויי מיליאַרד.

— היפּשלעכ, — האָבנ זיכ געוווּנדערט די צוהערער.

— גאַנצ היפּש, — האָט דער לערער ווייטער גערעדט. — וועלנ מיר זיכ אַ לאָז טאָנ צו דעם נאָענטסטנ שטערנ.



אפּנ נאָזיקנ געמעל איז באַוויזנ די שיינ פונ די שטערנ פונעם ערשטנ ראַנג ביזנ אַכטנ. ווי איר זעט, שיינענ די שטערנ פונ ערשטנ ראַנג קלאָר, אונ פונ אַכטנ — קוים צו באַ־ ערקנ. מיט אַ פּאָשעטנ אויג קאָנ מענ זיי ניט זענ.

דער נאָענטסטער שטערנ געפינט זיכ אָפּ א מעהאַלעכ פונ 45 טריליאָנ קילאָמעטער. אונ א טריליאָנ האָט 1000 ביליאָנ אונ א ביליאָנ, ווי איר ווייסט שוינ, האָט 1000 מיליאָנ. קעדיי איר זאָלט פאַרשטיינ, ווי ווייט דאָס איז, וועל איכ אייכ ברענגענ א ביישפּיל. מיט דער פלי-מאַשינ, וואָס מאַכט אינ א סעקונדע 300 טויזנט קילאָמעטער, זייענ מיר געפלויגנ צו דער זונ אַכט־מיט א האַלבער מינוט, אונ צום נאָענטסטנ שטערנ דאַרפ מענ מיט אזא פלי־מאַשינע פליענ פיר מיט א האַלבנ יאָר.

— דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אַזש — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַרבעטער.

— עמעס, דער קאָפּ קען זיך טאַקע פאַרדרייען, אָבער בײַ די אַסטראָנאָמען דרייט זיך נישט דער קאָפּ. דאָס איז נאָר דער נאָענטסטער שטערן. און אָט... איר זעט אָט דעם שטערן, ער הייסט פּאָליאַר-שטערן. אָט איז ער, דאַכט זיך, קימאַט איבער אונדזער קאָפּ, דאַרף מען צו אים פליען 40 יאָר. צו די שטערן פון דער 14-טער מאַד־רייגע דאַרף מען פליט 2300 יאָר און עס זיינען פאַראַן שטערן, וואָס געפינען זיך פון אונדז אַזוי ווייט, אַז מע דאַרף צו זיי פליען מיליאָנען יאָרן.

— נישקאָשע פון אַ וועלטל.

— שווער צו גלויבן.

— און דאָך איז עס עמעס. מיר קענען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי ווייט זיי זיינען פון אונדז, פונדעסטוועגן, זעען מיר זיי, ווייל זיי זיינען זייער גרויס.

— גרעסער פאַר דער זון? — האָבן עטלעכע געפרעגט מיטאַמאָל.

— די זון איז קעגן זיי אַ שפּילעכל. עס זיינען פאַראַן שטערן, וואָס דורכצושטעכן זיי דאַרף מען האָבן אַ שפּילקע, וואָס זאָל זיין הונדערטער מיליאָנען קילאָמע־טער די לענג. און צו דער זון דאַרף מען אינגאַנצן האָבן אַ שפּילקע פון אַ מיליאָן מיט 400 טויזנט קילאָ־מעטער.

אונדזער זון איז פּונקט אַזאַ שטערן, ווי אַלע איבע־ריקע, נאָר דערפאַר, וואָס זי איז נאָענט צו אונדז, זעט זי אויס אַזוי גרויס.

— באָענט! 150 מיליאָן קילאָמעטער הייסט באָענט? — האָט בערל זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן.

פאַר די צווישנשטערנשע שטרעקעס איז 150 מיליאָן קילאָמעטער גאָרניט. געדענקט, אַז צו דער זון זייט איר דערפלויגן פאַר אַכט מיט א האַלבער מינוט, און צו די שטערן דאַרף מען פליען הונדערטער טויזנטער און אפּילע מיליאָנען יאָרן.

— האַלט מיך צו, ווארעם דער קאָפּ האַלט עס ניט אויס — האָט יאָסל געשפּאָסט.

— און א היץ אויף די שטערן — האָט דער לערער ווייטער גערעדט, — וואָס איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע שטערן, וואָס די היץ דערגרייכט 20 טויזנט גראַד. ווען אָנשטאָט דער זון זאָל זיך געפינען דער שטערן קאַנאָפּוס, וואָלט ער צעשמאָלצן אונדזער ערד. די ערד וואָלט זיך דעמאָלט פאַרוואַנדלט אין דאַמפּ און געלויכטן, ווי די זון.

## שטערן, וואָס בייטן זייער ליכט

— עס זיינען נאָך פאַראַן אויפן הימל שטערן, וואָס בייטן זייער ליכט. מיר ווייסן פון אַזעלכע 5 טויזנט שטערן. זיי לייכטן נישט שטענדיק גלייך. אָט לייכטן זיי העל, אָט טונקל. דערנאָך ווידעראַמאָל העל.

— פאַרוואָס טוען זיי עס אַזוי?

— ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז נעבן דידאָזיקע שטערן געפינען זיך אַזעלכע טונקעלע האַרטע באַגלייטערס, ווי בא אונדז, אַשטייגער, די לעוואָנע. זיי פאַרשטעלן מיט זיך דעם שטערן, ווי די לעוואָנע פאַרשטעלט די זון

בעייס א זונ־פינצטערניש (ליקעכאָמע). דעמאָלט לייכטנ די שטערנ טונקל.

— דאָס איז אזא מינ ליקע־שטערנ — האט זיכ אָנגערופנ איינער פונ די צוהערער.

— ריכטיק. עס זיינענ אָבער נאָכ פאראנ שטערנ, וואָס ענדערנ זייער שיינ צוליב אנדערע סיבעס.

## צי שטייענ די שטערנ אפ אנ אָרט

די אלע שטערנ, וואָס מיר ווייסנ פונ זיי, שטייענ ניט אפ איינ אָרט, נאָר זיי באוועגנ זיכ. זיי פליענ ערגעץ אינ



אויב מיר זאָלנ אָנשטעלנ אָפ די שטערנ א פאָטאָגראפישנ אפאראט אונ האלטנ אים אזוי א גאנצנ מעסלעס, וועט פונ יעדנ שטערנ זיכ באקומענ אזא קיילעכיקער שפור, ווי עס איז באוויזנ אָפ דערדאָזיקער פאָטאָגראפיע.

דער אומענדלעכקייט מיט א גוואלטיקער גיכקייט צו 30 און אנדערע צו 50 קילאָמעטער אין א סעקונדע. זיי פליען ניט אלע אין איין ריכטונג, נאָר אזוי ווי א שוואַכע רוי־פליגעלע.

— פארוואָס זשע זעען מיר עס ניט?

— ווייל ס׳איז שטארק ווייט. אז א שטערן רוקט זיך איבער אפ מיליאַרדן קילאָמעטער קאָן מען עס באמערקן נאָר דורך א פארגרעסער־גלאָז. מיטן פּאָשעטן אויג וועט מען עס בעשומויפן ניט זען.

— הייסט עס, אז דער הימל ענדערט זיך?

— פארשטייט זיך. אט זעט איר, אשטייגער, דעם „גרויסן בער" אָדער אנדערע שטערן. אין מיליאָנען יאָרן ארום וועלן זיי זיך ניט געפינען אין דערזעלביקער לאגע, וואָס איצט, ווייל זיי פליען נישט אין איין ריכטונג. א טייל פליען ארוף, א טייל צוריק. דער הימל וועט זיך ענדערן, די שטערן וועלן זיך ניט געפינען אפ דיזעלבע ערטער, ווי זיי געפינען זיך איצט.

## דער מילך־וועג

— און וואָס איז אזוינס אט דער מילך־וועג? — האָט בערל פארריסן דעם קאָפּ צום הימל און אנגעוויזן אפן ווייסלעכן פּאַס.

אלע האָבן פארריסן די קעפּ און באטראכט דעם מילך־וועג, וואָס האָט געלויכטן, און זיך געוויסט, ווי א ברייטער צעוואַרפענער פּאס אפן טונקעלן הימל.

— דאָס זיינען אויך שטערן. מיליאַרדן שטערן... זיי זיינען אזוי ווייט פון אונדז און זיי זיינען אזוי פיל, אז

זייער שיינ גיסט זיכ צונויפ, אונ אונדז ווייזט זיכ אויס, אז דאָס איז א נעפּל, צי א רויכ... אינ א גרויסנ טעלעס־קאָפּ קאָנ מענ זענ יעדנ שטערנ באזונדער. נאָר אפ היינט וועט זיינ גענוג.

— שוינ טאַקע גענוג אפ היינט. עלע ניט, וועט גאָר דער קאָפּ שוינ ניט באַנעמענ.



צאָפנדיקער האַלבקויל — דאָרעמדיקער האַלבקויל

דאָס איז א פאָטאָגראַפיע פונעם מילכוועג: דאָס זײַנען זייער פיל מיליאַרדן שטערן. דורך א גרויסן טעלעסקאָפ זעט מען נאָך מער שטערן.

— וואָס עמעס, איז עמעס. בעסער אביסל אונ גוט, האָבנ אלע איינגעשטימט.

אלע זיינענ זיכ צעגאנגענ. נאָר אפנ וועג האָבנ זיי זיכ אלעמאָל ווי עפּעס דערמאָנט אונ געכאַפּט א קוק אפנ רויִקנ הימל, וואָס האָט פאַר זיי ביסלעכווייז געעפנט זײַנע אייביקע סוידעס.

# נעפּלקייטנ

— זאָגט אונדז, כאוועט לערער, איכ האב געהערט, אז אפנ הימל איז פאראַנ א מינ נעפּלקייט. ס'איז עמעס?— האָט דעמ צווייטנ אָוונט געפרעגט בערל.

— פאראַנ.

— וואָס זשע איז עס אזעלכעס?



דאָס איז די אנדראָמעדע-נעפלקייט. זי איז ניט ענלעכ אָפ יענער נעפּלקייט, וואָס איר זעט אָפנ ווייטערדיקנ געמעל, אָבער אָפ איר קאָנ מענ אויכ באַמערקנ, אַז זי איז אַזוי ווי געקרייזלט. אינדערמיט זעט זיכ גאָר א גרעסערער קנויל. ניט לאַנג האָבנ די געלערנטע איינגעפונענ, אַז דידאָזיקע נעפּלקייט באַטייט א צונויפזאַמלונג פונ אסאַכ שטערנ.

— נעפּלקייט רופט אָנ די וויסנשאפט אנ איסערגעוויינ־ לעכ שיטערנ נעפּל פונ קאלטע פיצינקעלעכ שטויבעלעכ אָדער גאזנ, די שטויבעלעכ שטייענ אָפ איינע פונ די אנ־

דערע אָוואַדע אַפּ א גאַנצנ קילאָמעטער. נאָר דערפאַר, וואָס די נעפּלקייטנ זיינענ זייער גרויס, ווייזנ זיי זיכ אויס ווי איינ מאַסע, ווי א געדיכ־טער נעפּל. לייכטנ לייכטנ אָבער נישט די שטויבעלעכ, נאָר די עלעקטרע, וואָס געפינט זיכ צווישנ זיי.

עס זיינענ פאַראַנ נעפּלקייטנ פונ פאַר־שיידענע פאָרמעס: קיילעכיקע אונ לענ־גלעכע, ס'זיינענ אויכ פאַראַנ געקרייזלטע. אונ גרויס זיינענ זיי... ווי זאָל איכ אייכ זאָגנ... עס זיינענ פאַראַנ



אָט דאָזיקנ געמעל איז באַוויזנ א געדרייטע פאָרם פונ א נעפּלקייט. אַזעלכע נעפּלקייטנ איז פאַראַנ זייער אסאַכ. אינדערמיט זעט זיכ אָנ א קלאָרער קנויל, וואָס אַרום אים דרייט זיכ די נעפּלקייט.

אַזעלכע גרויסע, וואָס מיט אונדזער שינע דאַרפ מענ פליענ טויזנטער יאָרנ אַפּ אַרומפליענ זיי. אונ אַזעלכע נעפּלקייטנ האָט מענ שוינ אַנטדעקט הונדערטער טויזנטער. עס זיינענ אויכ פאַראַנ גאַז־נעפּלקייטנ, וואָס זייערע שטאָפנ האָבנ זיכ פאַרוואַנדלט אינ דאַמפ, ווי אַפּ דער זונ. עס זיינענ פאַראַנ אַזעלכע, וואָס באַשטייענ פונ אסאַכ שטערנ, ווי אונדזער מילכ־וועג. זיי הייסנ שטערנ־הויפנס.

— די נעפּלקייטנ פליענ אויכ ערגעץ?

— זיי פליענ. ניטאָ אַזעלכע, וואָס זאָלנ ניט פליענ. אונ

זיי פליען נאך גיכער, ווי די שטערן. מיר וועלן, אַשטייגער, נעמען די אנדראמעדע-נעפּלקייט. זי באַשטייט פון באַזונדערע שטערן און זי פליט צו אונדז מיט אַ גיכקייט פון הונדערט קילאָמעטער אין אַ סעקונדע, אָבער שרעקן זיך דאַרף מען ניט, ווייל זי געפינט זיך פון אונדז אויף אַ מעהאַלעך פון אַ מיליאָן ליכט-יאָרן. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע נעפּלקייטן, וואָס פליען טויזנטער קילאָמעטער אין אַ סעקונדע.

— שוין איינמאָל טעמפּן — האָט אויסגערופן בערל.

— עפשער זיינען דאָרטן אויך פאַראַן מענטשן?

— אין די נעפּלקייטן איז קיין מענטשן ניטאָ, ווייל זיי זיינען שטאַרק שיטער, נאָר בּיכלאַל אין וועלט-רוים איז זיכער פאַראַן ניש איינע אַזאַ הארטע פּלאַנעטע, ווי אונדזער ערד, און אויף איר, פאַרשטייט זיך, קענען שוין זיין מענטשן.

— און אויפן מאַרס זיינען פאַראַן מענשטן?

— וועגן מענטשן ווייסט מען ניט. אָבער וואַסער איז פאַראַן.

— אַז ס'איז פאַראַן וואַסער, זיינען שוין עפשער פאַראַן פליגעלעך, צי יאַשטשערקעס?

— מעגלעך. וועגן מאַרס וועלן מיר זיך אינגיכן דערוויסן. ער איז ניט ווייט פון אונדז.

## פאַרוואָס פאַלן שטערן?

— גיכער, גיכער! קוקט, וואָס פאַראַ שיינקייט, — האָט עמעצער פּלוצים איבערגעשלאָגן דעם לערער און געוויזן מיטן פינגער אין הימל.

אַ גאָלדענער פּאַס האָט דורכגעשניטן דעם הימל און האָט אויף אַ רגע באַלויכטן אַלע געביידעס נאָך ליכטיקער, ווי באַטאָג.

— א מענטש איז געשטארבנ — האָט זיכ אפגערופנ בערל.
כעוורע האָט זיכ צעלאכט.
— דאָס איז א מעטעאָריט — האָט דער לערער דערקלערט.
— אונ וואָס איז אזוינס א מעטעאָריט?



אַ שטערנ־רעגנ. דאָס איז געשען אינ 187 ־טנ יאָר. דעמאָלט איז די ערד דורכגעגאַנ־גענ דורכ א מענגע מעטעאָר־שטיינער, וואָס האָבנ זיכ, ווי א רעגנ, געשיט אָפ איר.

— איכ וועל אייכ באלד זאָגנ, נאָר הערט זיכ צו מיט קאָפּ.
אינ וועלטרוימ פליענ אָנ א שיר קליינע שטיינדלעכ אונ שטויבעלעכ. די שטיינדלעכ אונ שטויבלעכ האָבנ זיכ באקומענ פונ די קאָמעטעס, וואָס זיינענ זיכ צוליב פארשיידענע סיבעס צעפאלנ אפ קלענערע טיילנ.
פליענדיק פאלנ זיי אראָפּ אויכ אפ אונדזער ערד. זיי פאלנ אריינ אינ דער לופט, אונ רייבנ זיכ אינ איר, צינדנ זיי זיכ דערפונ אָנ. הייסע טיילעכלעכ שפּאלטנ זיכ אָפּ אונ בלייבנ פונ אונטנ. דעמאָלט זעענ מיר הינטער אזא מעטעאָריט א העלנ עק.

אָבער די שטיינדלעך זיינען ניט קיין גרויסע און ווערן גיך פארלאָשן. איר האָט נאר וואס געזען — איינס צוויי — און ניטאָ. עס טרעפט אויך, אז עס פאלן אראָפּ גרויסע שטיינער. זיי באווייזן נישט אינגאנצן פארברענט צו ווערן אין דער לופטן און דעמאָלט פאלן זיי מיט א גיכקייט ביז 40 קילאָמעטער אין א סעקונדע און שניידן זיך אריין אין דער ערד. דאָס זיינען עס די מעטעאָריטן.

— און פון וואָס באשטייען זיי?

— פון דיזעלבע שטאָפן, וואָס געפינען זיך אף דער ערד, אבער זיי האָבן אין זיך מער אייזן. די מעטעאָריטן זיינען זייער א ווערטפולע זאך פאר דער וויסנשאפט, און דעריבער דארף יעדער, וואָס געפינט א מעטעאָריט גלייך וועגן דעם מעלדן. זיי פאלן אלע טאָג.

— באטאג פאלן זיי אויך?

— וואָס דען. באטאָג זעט מען זיי נאר ניט, ווייל די זון לייכט אויף העל, אז זי פארשטעלט די ליכט פון די מעטעאריטן

## וואָס זיינען אזוינס די עקיקע באשעפענישן

— און אָט די קאמעטעס מיט די עקן, וואָס זיינען זיי פאר אן אָנשיקעניש?

— דאָס איז אויך א גאַנצ געוויינלעכע זאך. זיי באשטייען פון דיזעלביקע טיילן, ווי די, וואָס פאלן אף דער ערד. אָבער דאָס איז שוין ניט איין שטיין, נאָר מיליאָנען שטיינער. דידאָזיקע מיליאָנען שטיינער זיינען עס טאקע די קאָמעטע. קאָמעטעס זיינען פאראן זייער אסאך. זיי בלאָנקען זיך איבערן הימל, ווי פארוואָרלאָזטע. אייניקע פון זיי זיינען צוגעפלויגן נאָענט צו דער זון, און זיי

2. א שפּאַציר איבערן הימל

פליען איצט ארום דער זון. מע קען זיי אָפט זען, באַזונ־
דערס דורכן טעלעסקאָפ.

— און דער עק?

— דער עק? — אויך א גאנץ פּאָשעטע זאַך. די קאָמעטע פארלירט אפן וועג אירע טיילן און די זון־ליכט יאָגט פון זיך דידאָזיקע טיילן אוועק. אָט די קליינינקע טיילעכ־לעך, וואָס בלייבן פון דער קאָמעטע, לייכטן אינעם זונען־שיין און מיר זעען אַן עק. אז די קאמעטע איז ווייט פון דער זון, זעט מען ניט קיין עק, און ווען זי איז נאָענט, זעען מיר דעמאלט א לאנגן עק.

— און ס'איז טאקע עמעס, אַז דאָס איז א סימען, אַז עס וועט געשעען עפּעס אַן אומגליק?

— וואָס פאר א סימען? — עס פליען זיך שטיינער אי־בערן הימל. זיי פליען צו צו דער זון, ווערן זיי באַלויכטן, אָט אזוי ווי די לעוואָנע אונדזערע... וואָס זשע פאר א סימאָנים קאָנען דאָ זיין.

— און איך האָב ערגעץ געלייענט, אז עס זיינען פאראַנ־אַזעלכע כאַדאָשים, ווען עס פאלן אסאך שטערן אָפּ דער ערד.

— דאָס איז פון די קאמעטעס, וואָס קרייזן ארום דער זון. מיר וועלן זיי אָנרופן „אונדזערע" קאמעטעס. אָט די שטיקלעך, וואָס רייסן זיך אָפּ פון די קאמעטעס, שלעפּן זיך איר נאָך. אַזוי צעשטויבטע האָבן זיי שוין ארומגענו־מען די זון מיט א רינג. אָט וועל איך אייך באווייזן ווי אזוי: אָט איז די זון — און דער לערער האָט ארייִנגעש־טעקט א שטעקעלע אין דער ערד — און אָט דרייען זיך ארום איר די קאָמעטעס. דאָס זיינען זייערע צייכנס, און דער לערער האָט געצייכנט אפּ דער ערד. איר זעט אָט די לענ־גלעכע צייכנס ענלעך אפּ אַן איי, איין זייט דרייט זיך

האַרט בײַ דער זונ און די צווייטע ווייט. אָפנ דאָזיקנ וועג זײַנענ פאַראַנ אסאַך, אסאַך שטיקלעך פונ אונדזערע קאָ־



א קאָמעטע, וואָס מע האָט געזענ זי אינ יאָר 1843 יאָר. אַנ עק האָט זי געהאַט פונ 250 מיליאָנ קילאָ־מעטער די לענג, דאָס איז קימאַט צוויי מאָל אַזוי ווייט, ווי פונ דער ערד ביז דער זונ. אינ 512 יאָר אַרום וועט זי זיך אָפסניי באַווייזנ אָפנ הימל.

## מעטעס, אָבער אַרום דער זונ דרייט זיך אויך אונדזער ערד און זי מאַכט א קײַלעכיקנ וועג נישט קיינ לענג־לעכנ. איר זעט, אַז די ערד גייט אינ מעשעכ פונ א יאָר




אָפנ דאָזיקנ געמעל איז באַוויזנ די קאָמעטע און דער ערדס וועג, ווי איר זעט גייט די ערד צוויי מאָל אינ יאָר דורכ דעם קאָמעטע־וועג. דעמאָלט פאַלנ אָפ דער ערד אַסאַך שטערנ.

צוויי מאָל דורך דעם וועג פון די קאָמעטעס. דעמאָלט ציט די ערד צו זיך די דאָזיקע שטיינער, וואָס זיינען אָפּגעשטאַנען פון די קאָמעטעס, און מיר זעען פאַלן אַסאַך שטערן.

און ווי נאָר די ערד איז דורכגעגאַנגען דעם וועג פון אונדזערע קאָמעטעס, קאָן שוין אויף איר ניט פאַלן קיין איין טיילעכל פון א קאָמעטע. דאָס קומט פאָר נאָר צוויי מאָל, סאָף יולי און אָנהויב נאָיאַבער. היינט האָבן מיר פעוורואַל. דעריבער איז דער שטיין, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן, ניט פון קיין קאָמעטע, נאָר א מעטעאָריט.

— אָט קוקט. נאָך א שטיין איז פאַרברענט געוואָרן!

— איר האָט באַמערקט. ער איז פאַרברענט געוואָרן, ער האָט נישט באַוויזן צו דערפליען צו דער ערד.

— און וואָס האָט מען עס געשריבן פאַר דער מילכאָמע, אַז די ערד וועט זיך אָנשטויסן אין א קאָמעטע.

— יאָ, אָבער דאָס איז נישט שרעקלעך. די קאָמעטע איז אַזוי שיטער, אַז זי וועט אונדז נישט שאַדן. אין 1910 יאָר האָבן מיר זיך אויך באַגעגנט מיט א קאָמעטע, און אונדזער ערד איז דורכגעגאַנגען דורך איר עק, און מיר זיינען לעבן געבליבן. ס'האָט אונדז גאָרנישט געשאַדט.

— ווען די ערד וואָלט געטראָפן אין קאָפּ פון דער קאָמעטע, וואָלט אויך נישט געווען קיין גרויסער אומגליק. ווייל די שטיינדלעך דאָרט זיינען קליינע, און איינס פונעם צווייטן איז אָפּגערוקט אויף א מעהאַלעכפון א וויאָרסט־צוויי.

— און דער עק פון דער קאָמעטע איז עפּעס לאַנג?

— לאַנג. עס זיינען פאַראַן עקן פון 300 מיליאָן קילאָמעטער.

— וואונדער איבער וואונדער!..

— יאָ, ס׳איז טאקע וואונדער. ס׳איז אפילע שווער צו גלויבן, ווי גרויס די וועלט איז. און וואָס איך איר קומט אלץ פאַר. דאָס, וואָס די „הייליקע ספאָרים" שרייבן, אז אונדזער ערד איז א צענטער פון דער גאנצער וועלט און די זון מיט די שטערן זיינען פאר איר געשאַפן געווארן, איז קינדערשע רייד.

— און דאָס אלץ איז טאקע עמעס וואָס איר דערציילט? — האָט געפרעגט א אלטער לעדערניק.

— וואָס דען? די וויסנשאפט האָט פיינט טרעפעניש און באנוצט זיך ניט מיט זיי. אָט האָט איר א באווייז. איך כומעש איז קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן קיין ליקע. גיט אָבער א קוק אין אונדזער קאלענדאר, דאָרט האָט איר שווארץ אפ ווייס: אין אזא און אזא טאָג, אין אזא און אזא שאָ, וועט זיין א ליקעכאמע. זעען וועט מען זי דאָרט און דאָרט. דויערן וועט זי אזויפיל און אזויפיל שאָ, מינוטן, סעקונדעס. איר קענט דאָס קאָנטראלירן.

— און ווי אזוי געפינען די געלערנטע נייע שטערן?

— איך וועל אייך דאָס אויך דערציילן. איר ווייסט שוין, אז ליכט פליט פאר איין סעקונדע 300 טויזנט קילאָמעטער. איז לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז ערגעץ וויט-וויט פון אונדז געפינט זיך א שטערן. וואָס איז שוין קימאט אָפגעקילט.

— דאָס הייסט א מין פארלאָשענע זון — האָט מישקע צוגעגעבן.

אָט — אָט טרעפט זיך אמאָל, אז דידאָזיקע פארלאָשענע זון גליט זיך אפסניי אָן פון א ריזיקן אופרייס, וואָס קומט איר פאָר. דעמאלט באקומט זיך א נייער שטערן. און ווען די שיין פון דעמדאָזיקן שטערן דערפליט צו אונדז

דערוויסן מיר זיך פונעם נייעם שטערן. די אסטראנאָמען געפינען א גאָלדן שטערנדל דאָרט, ווו פריער האָט מען מיטן בלויזן אויג גאָרניט געזען.

אָט דאָס הייסט אנטדעקן א נייעם שטערן. דעמאָלט געבן זיי צו וויסן דערפון אלע אסטראנאָמען, און אלע שטודירן זיי, וואָס דאָס איז פאר א מין שטערן.

— אנטדעקט מען נאָך איצט אויך שטערן?

— פארוואָס דען ניט. מע אנטדעקט.

און ניט בלויז שטערן, נאָר אפילע פלאנעטעס, וואָס



דאָ איז באַוויזן די זון - פאַרטונקעלונג („ליקע - כאַמע"). די זון שטייט פון דער לינקער זייט. דער שאָטן פון דער לעוואָנע פאַלט אַף דער ערד. אָבער די לעוואָנע איז 50 מאָל קלענער פון דער ערד, און דעריבער טאַקע קאָן איר שאָטן ניט פארשטעלן מיט זיך די גאַנצע ערד. הייסט עס, אַז די זון - פאַרטונקעלונג קאָן מען זען ניט אַף דער גאַנצער ערד, נאָר בלויז אין יענע ערטער, וווהין ס'פאַלט דער שאָטן פון דער לעוואָנע.

דרייען זיך ארום דער זון, פונקט ווי אונדזער ערד.

אָט האָבן ניט לאנג אונדזערע סאוועטישע אסטראנא-מען אנטדעקט א נייע קליינע פלאנעטע און לעקאוועד לעבינען איר אָ נאמען געגעבן „לענין".

— אויסגעצייכנט,— האָט זיך בערל ניט איינגעהאַלטן, — נו, און די בורזשואזע געלערנטע, וואָס האָבן זיי דערוף געזאָגט?

— וואָס זאָלן זיי זאָגן. זיי האָבן מאַסקים געווען אָפן נאָמען, אַזוי ווי עס גיט אַ נאָמען דער, וואָס געפינט, אַזוי בלייבט עס.

— און אַט הערט אַ טשיקאַווע זאַך: די שטערן זעען מיר ניט אַזעלכע, ווי זיי זיינען איצט. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן אויסגעזען אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג.

— איך פאַרשטיי,— האָט מישקע פאַרכאַפּט.

— אַסאַך פאַרשטייסטו, נו זאָג,— האָבן זיך עטלעכע אָפּגערופן.

— און איך וועל טאַקע זאָגן, ווען די זון וואָלט איצט, אַשטייגער, פאַרלאָשן געוואָרן, וואָלטן מיר עס דערזען ערשט אין אַכט מיט אַ האַלב מינוט, ווען די זון-ליכט וואָלט שוין צו אונדז מער ניט דערפלויגן. עמעס, כאַווײרים?

— עמעס.

— אויב אַזוי,— האָט זיך אָפּגערופן אַ צווייטער,— קומט דאָך אויס, אַז אויב דער פּאָליאַר-שטערן, וועמעס ליכט עס גייט צו אונדז גאַנצע 40 יאָר, וואָלט איצט פאַרלאָשן געוואָרן, וואָלטן מיר דאָס באַמערקט ערשט אין 40 יאָר אַרום, אַזוי דוכט זיך?

— פולשטענדיק ריכטיק...

— איך וואָלט דערווייל געשטאָרבן און ניט געוווּסט דערפון — האָט זיך געוויצלט דער אַלטער לעדערניק.

— אויב אַזוי, כאַווער לערער, קאָן זיך דאָך מאַכן, אַז די שטערן, וואָס מיר קוקן אָפּ זיי, זיינען שוין לאַנג פאַרלאָשן און צו אונדז דערגייט בלויז זייער שיין?

— ריכטיק. עס קאָן זיך זייער טרעפֿן. איך וויל אייך זאָגן, אַז מיר זעען דעם הימל ניט אַזאַ, ווי ער זעט אויס איצט, נאָר ווי ער האָט אויסגעזען מיט מיליאַרדן יאָר צוריק. אָט האָבן מיר דעם 21־טן פֿעווראַל 1901 י. דער־זען אַ שטערן. וואָס זשע מיינט איר? מיט 120 יאָר, איידער מיר האָבן אים דערזען, האָט ער אָנגעהויבן צו לייכטן פּאַר טויזנט מיט צוויי הונדערט; טריליאָן קילאָמעטער פֿון אונדז, און זיין ליכט איז צו אונדז געפֿלויגן גאַנצע 120 יאָר. און דעמאָלט ערשט האָבן מיר אים דערזען.

— הייסט עס, אַז די וועלט האָט קיין סאָף ניט?

— פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט. די וועלט איז אומענדלעך. און אונדזער ערד פֿליט ווי אַ פּיצינק שטויבעלע צווישן אַזעלכע ריזן און האָט אַ חוצפּה צו טראַכטן, אַז זי איז דער צענטער פֿון אַלץ.

— אָט אַ וווּנדער — האָבן די אַרבעטער זיך געכידעשט.

— יאָ... זיינען מיר, הייסט עס, שוין אַרומגעפֿלויגן אַרום די שטערן, די קאָמעטעס און נעפּלדיקייטן. דעם מילך־וועג זיינען מיר שוין אויך דורכגעפֿלויגן אויף אונדזער מאַשינע. שוין עפּעס צייט זיך אַראָפּצולאָזן אויף דער ערד?...

— שוין טאַקע צייט... ווייל מע דאַרף שוין אַהיימגיין...

— די אַרבעטער זיינען זיך צעגאַנגען.

די נאַכט איז געווען אַ שטילע. די גאָלדענע שטערנ־דלעך האָבן פֿריילעך געבלינצלט. און הויך אין הימל איז געשווימען אַ קיילעכדיקע זילבערנע לעוואָנע. די אַרבעטער האָבן שוין אָבער גאָר אַנדערש געקוקט אויף זיי. אַלץ איז זיי געווען גוט באַקאַנט. זיי האָבן דאָך ערשט געמאַכט אַ שפּאַציר אויפֿן הימל.

